יוגנט-ביבליאָטעק „חבר"

# שלום עליכם

פון שלום עליכמס צוואה.
די אויפשריפט אויף שלום עליכמס מצבה.
שלום עליכמס קינדער יאָרן — באַשריבן פון
שלום עליכמ'ן אליין.
זכרונות וועגן שלום עליכם — ד"ר מ. קויפמאַן.
שלום עליכמס לוויה — י. בערקאָוויטש.




דרוק ש. עפשטיין שטראַשון גאַס 6.

Szołom Aleichem·



געבאָרן אין וואָראַנקאָוו אין יאָר 1859. — געשטאָרבן אין ניו-יאָרק דעם 13-טן מאַי 1916.

# פון שלום-עליכמס צוואה.

א) וואו איך זאָל ניט שטאַרבן, זאָל מען מיך באַהאַלטן ניט צווישן אַריסטאָקראַטן, מיוחסים, אָדער גבירים, נאָר גראָד צווישן פּראָסטע יידן אַר-בעטער, מיטן אמתן פאָלק, אַזוי אַז די מצבה, וואָס מען וועט דערנאָך אוועק-שטעלן אויף מיין קבר, זאָל באַשיינען די איינפאַכע קברים אַרום מיר, און די איינפאַכע קברים זאָלן באַפּוצן מיין מצבה, אַזוי ווי דאָס פּראָסטע ערלאַכע פאָלק האָט פאַר מיין לעבן באַשיינט זיין פאָלקסשרייבער. —

ב) קיין שום טיטלען מיט לויבעגישן מיט מורי-מורנוס זאָל אויף מיין מצבה ניט זיין, אויסער דעם נאָמען „שלום-עליכם" פון איין זייט און אויסער דעם יידישן אויפשריפט, וואָס ביילעגט, פון דער אנדערער זייט. —



דאָ ליגט אַ ייד אַ פּשוטער
בעשריבן יידיש־דייטש פאַר חייבער
און פאַרן פּראָסטן פאָלק האָט ער.—
בעוועזן אַ הומאָריסט אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט,
און ער—אוי וויי—געווען אויף צרות!

און דווקא ־דעמאָלט, ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקלאַטשט, און פלעגט זיך פרייען
האָט ער געקרענקט—דאָס ווייס נאָר גאָט—
בסוד, אַז קיינער זאָל ניט זען.

# שלום-עליכמס קינדער-יאָרן.

באשריבן פון שלום-עליכמען אליין אין בריוו צום שריפטשטעלער י. ה. רבניצקי. איינצלנע געשעענישן פון זיינע קינדער-יאָרן האָט שלום-עליכם באשריבן דערנאָך אין זיינע ווערק.

אין אַ קליין שטעטל וואָראָנקאָוו, ווי אַ טל ומטר די. גרייס, ניט ווייט פון דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו (וואו איך בין אינם 1859 יאָר געבאָרן)—דאָרט האָב איך פאַרבראַכט די בעסטע גילדענע יאָרן, מיינע ערשטע גוטע נאַרישע קינדערשע יאָרן. אין דעמדאָזיקן קליינעם וואָראָנקאָוו איז מיין פאָטער געווען דער מיוחס, דער גביר, דער גבאי ראשון פון אַלע חברות, „רב נחום וועוויקס"! און מיר, רב נחום וועוויקס קינדער, אויך ניט קיין קליניקייט! אַלע שבת צו נאַכט איז געווען ביי אונז אַ מלוה מלכה פאַר דעם גאַנצן שטעטל, אַלע יום-טוב איז מען געקומען צו אונז אויף קדוש, אַלע נייס האָט מען געבראַכט צו אונז און אַרויסגעטראָגן פון אונז, אַ גלעזל ווין האָט מען געטרונקען ביי אונז, פונם רבין האָט מען גערעדט ביי אונז, פון פּאָליטיקע ביי אונז, אַלצדינג ביי אונז. און אונז, נחום וועוויקס קינדער, האָט מען געהאַלטן חשוב, געפירט בדרך הישר, אָפּגעגעבן צום בעסטן מלמד, צו רב זרחן, און פרום זיינען מיר געווען באמת.

איך געדענק נאָך אַצינד דעם זיסן טעם פון די טרערן, וואָס-מיר האָבן פאַרגאָסן פון אונזער רבינס מוסר. אַלע טאָג פלעגט אונז דער רבי רב זרח זאָגן אַ ביסל מוסר, און מיר פלעגן זיך נאָכדעם ביים דאַווענען שלאָגן אָשמנו אויף אונזערע גרויסע, גרויסע זינד, וואָרים איטאיינעם מיטן פרומקייט זיינען מיר אויך געווען גרויסע בעל-עבירות: ליגנערס, ניט געפּאָלגט דעם טאַטן, גע-היפּט אינם דאַווענען, געגנבעט געלט פון דער צדקה-פּושקע (זע „דאָס מעסערל"). היינט הרהורים, מחשבות זרות, געדאַנקען!... און נאָכדעם האָט דער רבי גע-זאָגט מוסר, און מיר האָבן געוויינט, געגאָסן מיט טרערן און געדאַוונט ערלאַך, ניט געהיפּט, געשלאָגן זיך אָשמנו און געוויינט, תשובה געטאָן.

די פאַנטאַזיע איז ביי מיר געווען פון קינדווייז אָן מאָדנע גרויס און צעהיצט. הייזער האָבן ביי מיר אויסגעזען ווי שטעט, הויפן—מדינות, ביימער—מענטשן, גראָז—חיל, שטעכלקעס און קראָפּיווע—פלשתים, אדום און מואב און איך פלעג גיין/אויף זיי מיט מלחמה (זע „געריטס אויף שבועות").

אויפכאַפּן דאָס לעכעריקע פון יעדן מענטשן—דאָס איז געווען ביי מיר כמעט אַ חולאת. איך פלעג, ניט ווילנדיק, נאָכמאַכן איטלאַכן באַזונדער: פונם רבין רב זרח מיט זרליכן מיט אַלע חברים מיט זייערע טאַטע מאַמע ביז להבדיל אַניסקאָ דעם סטאָראָוש מיט די אויסגעדרייטע פיס—און פאַר אָט דעם נאָכמאַכן האָב איך געכאַפּט פעטש ווי האָלץ. אין חדר בין איך געווען דער קאָמיקער,

אַלע פֿלעגן לאַכן, ביזן טויט לאַכן, אַחוץ מיר. נאָר אינדערהיים האָט די מאַמע באַמערקט מײַנע שטיק, און פֿון דעמאָלט אָן האָט זי גענומען אויסקאָרעניען אין מיר דידאָזיקע תּנועות.

נאָר איינער איז געווען מיט מיר אַ גלײַכן אויף מאַכן אָנשטעלן, זיך פֿאַרשטעלן, „שפּילן", זיך „גרימירן", און בשעת מעשה זינגען שיינע, וואונדער־שיינע לידער. דאָס איז געווען מאירל דעם רבּיס, אָדער מאירל מעדזוועדיעוו, דער געוויסער נאָכדעם באַרימטער אַרטיסט מ ע ד ז וו ע ד י ע וו. די קונץ פֿון „שפּילן" איז געווען אַנטפּלעקט פֿאַר אים נאָך דעמאָלט, ווען ער איז געגאַנגען באָרוועס און געזונגען דאָס שענסטע ליד פֿאַר אַ גראָשן אָדער פֿאַר אַ האַלבן עפּל. מיר אַלע האָבן געשפּילט דעם „גזלן", אַ טעאַטערשטיק, אונזער אייגענע פֿאַנטאַזיע. מעדזוועדיעוו איז געווען דער גזלן, איך בין געווען דער ייִד, דער אָרעמאַן, און די איבעריקע חברים זײַנען געווען דער וואַלד (די ביימער פֿונם וואַלד—כּי אדם עץ השדה). איך, דער ייִד־דער אָרעמאַן (דער „אייביקער ייִד") בין געשטאַנען פֿאַר אים־(פֿאַרן גזלן) אויף די קניעס, און געטענעט: וואָס האָסטו צו מיר, איך בין אַ ייִד אַן אָרימאַן, איין א ב י ו ן! און ער, דער גזלן (מעדזוועדיעוו) מיט אַ קאָלאָדאַטש־מעסער אין האַנט, האָט געזונגען זייער אַ שיין לידל: אַז ער מוז, מוז אויסקוילען אַלע ייִדן!... אָ, קינדערשער נאַרישער שׂכל! קיין היסטאָריע האָבן מיר נאָך דעמאָלטס ניט געלערנט, קיין נביאים זײַנען מיר ניט געווען; פֿונוואַנען האָט זיך צו אונז גענומען, אַז דער ייִד איז אַן אביון און באַדאַרף קניען פֿאַרן גזלן, און ער, דער גזלן, באַדאַרף זינגען אַ לידל: אַז ער מוז, ער מוז אויסקוילען אַלע ייִדן!?...

ווי ווייט פֿאַרדאָרבן און שלעכט ערצויגן מיר זײַנען ניט געווען, איז דער געפֿיל פֿון צער בעלי־חיים געווען בײַ מיר אַזוי גרויס, אַז אַ קראַנק פֿערד האָט מיך געקרענקט (זע „מתושלח"), אַ הונט מיט איין איבערגעבראָכענער פֿוס האָט אַרויסגערופֿן בײַ מיר טרערן (זע „ראַבטשיק") און אַפֿילו אַ קאַץ, וואָס איז גאָר אַ טמא, אַ שרץ, איז בײַ מיר געווען טײַער און ליב, און פֿון קראַנקע אָרעמע קינדער שמועסט מען ניט (זע „באַשעפֿעניש").

דער חשק פֿון שרײַבן—מערקווירדיק! — האָט זיך גענומען בײַ מיר פֿון דעם רבּין רב זרחס זעלטן שיין הענטל... פֿאַר אַ שיינעם „כּתב" האָט אונז דער טאַטע געשענקט אַ גראָשן („האָנאָראַר"?) און צוליב דעם שיינעם כּתב האָב איך זיך אויפֿגעגעבן אַ ביכל און האָב שיין אָנגעשריבן („פֿאַרפֿאַסט") אַ גאַנצן חיבור אויף תּנ״ך און אויף דקדוק, און אַז איך האָב דאָס באַוויזן דעם טאַטן, איז ער נתפּעל געוואָרן פֿון מײַן „ווערק" און האָט דאָס לאַנג, לאַנג אַרומגעטראָגן בײַ זיך אין קעשענע, באַוויזן איטלאַכן באַזונדער, ווי שיין זײַן זון שרײַבט (אַלט האָב איך באַדאַרפֿט זײַן דעמאָלט אַ יאָר צען), ווי קלאָר ער איז אין תּנ״ך און ווי גוט ער קען דקדוק. דערויף האָט געזאָגט אונזער שכן, אַ ייִד אַ חסיד מיט אַ צאַפּן בערדל רב אײַזיק, וואָס פֿלעגט קוויטשען בשעת דאַווענען ווי אַ קעצל: דקדוק שמעקט פֿינדיק בלעז; דער עיקרשט איז בײַ מיר דאָס הענטל אַ גילדן הענטל! (די ע ר ש ט ע „קריטיק"!)

געצויגן האָט מיך אַלץ אַהין אין יענע עולמות, פון רוחניות, פון הלומות פון נגינה (זע „יוסילע סאָלאָוויי"), פון שפּילן (זע „סטעמפּעניו") און איך האָב אַליין נאָך דער בר־מצוה בגנבה זיך צוגעכאַפּט צום פידל און האָב געכאַפּט דעם רעכטן פּסק פון מיין טאַטן (זע „אויפן פידל").

פאַראָרעמט געוואָרן, זיינען מיר איבערגעפאָרן פון וואָראָנקאָווו צוריק קיין פּערעיאַסלאַוו. דאָרט האָט מען אונז אויסגענייט די ערשטע קורצע קאַפּאָטקעלאַך און אַז די מאַמע איז געשטאָרבן (פון דער כאָלערע) האָט אונז דער טאַטע אָפּגעגעבן אין דער שקאָלע און איך האָב מיך אויסגעפּיינט צווישן אַלע קינדער, באַוויזן אַ סך בריהשאַפט, און נאָך דעם ערשטן ביכל, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן געלייענט צו 15 יאָר, „ראָבינזאָן קרוזאָ", האָב איך תיכף ומיד געמאַכט אַן אייגענעם „ראָבינזאָן קרוזאָ" מיטן נאָמען „דער צווייטער ראָבינזאָן", באַוויזן דעם טאַטן און דער טאַטע האָט באַוויזן די אורחים (ביי אונז איז געווען איין אכסניה) און אַלע זיינען אַרויס פון די כלים!

פון דעמאָלט אָן האָט דער טאַטע געקוקט אויף מיר ווי אויף איין אבן טוב, מיך אַרויסגענומען פון דער שטיפמאַמעס רשות, ניט געלאָזט מע זאָל מיך שלאָגן, ניט געלאָזט מיר וויגן אירע קליינע קינדער, ניט געגעבן מיר האַקן ראָזשענקעס ווי פריער (ביי אונז איז געווען אויך א װײַנקעלער מיטן נאָמען Южный Берег) און פאַרווערט מיר פּוצן פאַר די אורחים די שטיוול, שטעלן דעם סאַמאָוואַר, לויפן אַ גאַנג, וכדומה אַזעלכע מלאָכות, וואָס איך פלעג זיי טאָן ביז יענער צייט.



# זכרונות וועגן שלום־עליכם.

קלאָרע בלויע אויגן, צוגעלאָזטע און פאַרטראַכטע, אויגן פון אַ קינד און אַ חכם. ער האָט געהאַט אַ רגילות צו קוקן איבער די ברילן, ס'פלעגט זיין קענטיק דאַן, ווי זיין בליק נעמט דורך יעדע זאַך. דריי טיפע קנייטשן האָבן זיך איינגעשניטן צווישן די ברעמען ביים ברייטן שטערן, אויף וועלכן עס פלעגן זיך אַראָפּלאָזן ווייך געגרייזלטע קאַשטאַנען־האָר אָן אַ סימן פון גראָקייט. ביי די מויל־ווינקעלאַך—צוויי קנייטשן, וואָס האָבן תמיד געשמייכלט, אייביק געלאַכט.

ריידן פלעגט ער שטענדיק לעבעדיק. תמיד, ביי אַלע אומשטאַנדן, מיט אַ חכמהלע, מיט אַ חוזקל. פונקט אַזוי לעבעדיק און אינטערעסאַנט זיינען געווען זיינע בריוו. ער איז געווען אַ מייסטער אויף בריוו שרייבן, פלעגט זייער

גערן שרייבן זיי און פלעגט אויסהערן יעדן פרעמדן בריוו, וואָס איז אים געווען אינטערעסאַנט. ער האָט ליב געהאַט ריינקייט, זויבערקייט און אָרדענונג אין אַלץ, נאָר דערהויפּט אין שרייבן, ער פלעגט שרייבן קלאָר און שיין.

געלט פלעגט ער טיילן, ווער עס פלעגט נאָר בעטן, און איז גרייט געווען אויסצובאָרגן געלט, ווי אַ קינד, אויף צאַצקעס: ער האָט געהאַט אָן אַ שיעור שיינע זאַכן, דערהויפּט, וואָס איז נוגע צו שרייב-געצייג; האָט ליב געהאַט אָנצוטאָן זיך שיין און איז פּעאיק געווען צו פרייען זיך, ווי אַ קליין קינד, איבער אַ נייעם אָנצוג אָדער עפּעס אַ שפּילצייג.

צו דער נאַטור איז געווען ביי אים אַ צאַרט געפיל, וואָס פלעגט איבערגיין אָן אַנדערש מאָל אַזוי ווי אין אַ מין רחמנות: אָט הייבט ער אויף פון דער ערד אַ צעטראָטן בלימעלע, מאַכט עס אַ ביסל צורעכט און זאָגט: „אוי, ועט!“ — און בעת מעשה איז ביי אים אַזאַ פּנים, ווי ער וואָלט אויפגעהויבן אַ קינד, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן. און די זון האָט ער אַזוי ליב געהאַט, אַז ער פלעגט בפועל ממש בענקען נאָך איר, ווען זי פלעגט זיך ניט באַווייזן אַ פּאָר טעג. זומער אויף דאַטשע פלעגט ער אויפשטיין פרי און די קרכסטע זאַך וואַרפן די פייגעלאַך שטיקלאַך ברויט, און עס פלעגט זיין שיין צו זען, ווי די פייגעלאַך קלייבן זיך צונויף מתנותוויז און פּיקן ביי אים שיער ניט פון די הענט אַרויס.

מיט קינדער פלעגט ער שפּילן, ווי אַ קינד. פלעגט שפּרינגען און קערן די וועלט, ווי אַ חדר-יינגל. זיינע צוויי קליינע אייניקלאַך האָט ער ניט געוואָלט, זיי זאָלן אים רופן „זיידע“, נאָר „טאַטע“.

„זיידע“ האָט אים באמת טאַקע ניט געקליידט. ער האָט ליב געהאַט זיין יונגקייט און האָט זיך געפרייט, וואָס ביי אים זיינען ניטאָ קיין גראָע האָר. ער האָט ליב געהאַט, עס זאָל זיין פריילאַך, און אין שטוב ביי אים איז שטענדיק געווען דער מלאך-פון פרייד, אַפילו דאַן, ווען אין פּרנסה איז אים גאָר ניט אַזוי גוט געגאַנגען.

שרייבן פלעגט ער וואונדערלאַך שנעל און לייכט, אים האָט קיינמאָל ניט געשטערט. ער האָט געקאָנט שרייבן שטייענדיק, ליגנדיק, שפּאַצירנדיק, אַפילו אין טראַמוואַי אָדער אויף אַ פור — אומעטום. ער האָט שטענדיק געהאַט ביי זיך „אַ ביכעלע“, און אין דעמדאָזיקן ביכעלע פלעגט ער גיך-גיך שרייבן. בעת ער איז געווען אין נערווי (איטאַליע), האָט ער די ערשטע צייט פאַרוואונדערט די אָרטיקע איינוואוינער מיט זיין אויפפירונג. שפּאַצירט ביים ברעג ים, שיין אָנגעטאָן, און הערט ניט אויף צו שרייבן גייענדיק, אָדער ער שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ און צעלאַכט זיך הויך אויפן קול. די איטאַליענער האָבן אָבער גיך דערוואוסט זיך, ווער איז עס אָט דער מאָדנער מענטש אין דעם העלן אָנצוג מיט די לאַנגע האָר און דעם „ביכעלע“ אין האַנט. און טרעפנדיק אים, ווי ער גייט אַזוי פּאַמעלאַך און איז פאַרטאָן אין שרייבן, פלעגן זיי מיט דרך-ארץ אָפּטרעטן דעם וועג „דעם שרייבער פון רוסלאַנד“.

ער פלעגט. ניט דאַרפן קיין התבודדות פאַר זיין שאַפן, ווי אַנדערע. איס פלעגט ניט אַרן, אַז מען פלעגט טומלען; פאַרקערט, עס פלעגט זיך דוכטן, אַז ווען אַרום שפּילן קינדער און מאַכן אַ טומל, שרייבט זיך אים געשמאַקער.

און אַמאָל פלעגט זיך טרעפן, אַז אינמיטן אַ געשפּרעך ווערט ער פּלוצלונג פאַרטראַכט, די אויגן קוקן ערגעץ ווייט, און הגם זיין געזיכט שמייכלט נאָך, ווי פריער, מעגט איר שוין זיין זיכער, אַז ער הערט שוין קיין איין וואָרט ניט, וואָס איר רעדט, און ער איז שוין ערגעץ אַנדערש=וואו. די קינדער פלעגן אין אַזוינע פאַלן זאָגן: „טאַטע, אין וואָסערע עולמות ביזטו איצט?" און ער פלעגט זיין דאַן אין זיין כתרילעווקע צווישן זיינע „קליינע מענטשעלאַך"— און מיטאַמאָל פלעגט די האַנט נעמען לויפן איבער די בלעטלאַך פונם „ביכעלע"ל— פון צייט צו צייט פלעגט קלינגען זיין געלעכטער: „כאַ, כאַ, הערט, וואָס ער זאָגט"...—און אין אַ שעה צוויי אַרום פלעגט זיין פאַרטיק אַ מעשה. די נייע מעשה פלעגט ער די ערשטע צייט לייענען פאַר די היימישע, און די גאַנצע פאַמיליע אינאיינעם מיטן פאָטער פלעגן זיך האַלטן פאַר די זייטן לאַכנדיק...

ד"ר מ. קויפמאַן.



# שלום=עליכמס לויה.

(באַשריבן אין אַ בריוו פון שלום-עליכמס איידים, דעם שרייבער י. ד. בערקאָוויטש).

גלייך נאָכן טאַטנס טויט האָבן די יידישע בלעטער אַרויסגעלאָזט עקסטרע-נומערן מיט דער דאָזיקער ידיעה. אונזער שטוב האָבן אַרומגערינגלט רעפּאָר=טערס פון אַלע ענגלישע צייטונגען. די ידיעה וועגן דעם פאָטערס טויט איז טעלעגראַפיש צעשיקט געוואָרן איבער גאַנץ אַמעריקע, אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע.

די איינאָרדענונג פון דער לויה האָט איבערגענומען די ניו-יאָרקער יידישע קהלה. די לויה איז באַשטימט געווען אויף מאָנטאָג. עס איז געשטעלט געוואָרן אַן ערן=וואַך פון שריפטשטעלערס, וואָס האָבן זיך טאָג און נאַכט בע. פונען אין דעם טאַטנס קאַבינעט,—און עס איז געמעלדן געוואָרן אין די צייַ= טונגען, אַז דער ניו=יאָרקער באַפעלקערונג ווערט געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו זעגענען מיטן טאַטן. זונטאָג פרי האָט זיך דער עולם אָנגעהויבן קלייבן און אונזער שטוב, און ביז 2 אַ זייגער אין דער נאַכט האָט מען ניט אויפגעהערט צו גיין... ביים טיר זיינען געזעסן פיר מענטשן און פאַרשריבן די נעמען פון די, וואָס זיינען אַריין. נאָר אַזוי ווי אַריינגיין פלעגן צען מענטשן מיטאַמאָל און פאַרשריבן האָבן נאָר פיר, דאַרף מען רעכענען,— אַז אויף די 7 טויזנט, וואָס זיינען פאַרשריבן געוואָרן, זיינען געווען נאָך 10 טויזנט, ניט קיין פאַר= שריבענע... דער קינסטלער לעווים האָט אַראָפּגענומען אַ צייכענונג פון פאָטער,

אַ פֿאָטאָגראַף האָט אים פֿאָטאָגראַפֿירט און דער סקולפּטאָר בודענסקי האָט גלײ־ מאַכט אַ מאַסקע פֿונם ביוסט מיט דער רעכטער האַנט. מאָנטאָג 8 אַ זייגער אינ־ דערפֿרי, האָט זיך אָנגעהויבן די לוויה. מען האָט דעם טאָטן באַלזאַמירט און אַרײַנגעלייגט אין אַן אָרון, וואָס לאָזט ניט דורך קיין לופֿט, כּדי אַז, ווען מיר וועלן אַוועקפֿאָרן, זאָלן מיר אים קאָנען נעמען מיט זיך קיין רוסלאַנד, וואָרים מיט דעם ערשטן דאַמפֿער נאָך דער מלחמה האָט ער געוואָלט אַוועקפֿאָרן.

אויף דער לוויה איז געווען אַרום 300 טויזנט מענטשן, און זי האָט גע־ דויערט פֿון 9 אַ זייגער אינדערפֿרי ביז 7 אינאָוונט... אַלע יידישע און ענגלישע צייטונגען האָבן אָפּגעדרוקט די צוואה, און דער דעפּוטאַט פֿון דער שטאָט ניו־ יאָרק בעננעט (אַ קריסט) האָט זי דורכגעלייענט פֿאַרן פּאַרלאַמענט פֿון די פֿאַר־ אייניקטע שטאַטן און געהאַלטן דערבײַ אַ רירנדיקע רעדע"...



